לויט נאַטאַניעל האָטאָרן

# די גאָלדענע באַרירונג

גריכישע לעגענדע



„קינדער-פֿריינד“, כאַרקאָוו 1936

לױט נאַטאַניעל האַטאָרן

# די גאָלדענע באַרירונג

(גריכישע לעגענדע)

באַאַרבעט: ל. האַלפּערן

13/16219



„קינדער-פֿרײַנד", װאַרשע 1936

Printed in Poland

NATANIEL HOTORN

DI GOŁDENE BARIRUNG

„Kinder-Frajnd", Warszawa 1936

וצעדר־ ה. גלאנץ, האריסט. פלאמטקע 4

Druk. „R e n o m a", Warszawa

מיט אַ סאַך יאָרן צוריק האָט געלעבט אַ רײַכער קיניג, מידאַס. ער האָט געהאַט אַ טעכטערל, וואָס האָט געהייסן „גאָלדענע מאַריע". מער פֿון אַלץ האָט דער קיניג ליב געהאַט גאָלד, אַפֿילו זײַן קיניגרײַך איז אים געווען ליב און טײַער נאָר דערפֿאַר, וואָס זי איז גע-ווען געמאַכט פֿון גאָלד.

צוגלײַך מיט גאָלד האָט ער ליב געהאַט זײַן קליין, לוסטיק טעכטערל, וועלכע פֿלעגט אים פֿריילעך מאַכן מיט איר הילכיק, זאָרגלאָז געלעכטער און אירע לוס-טיקע שפּיפּערײַען.

מידאַס איז זיכער געווען, אַז קעדיי זײַן מיידעלע זאָל גליקלעך זײַן, מוז ער אָנזאַמלען אַזוי פֿיל גאָלדע-נע מאַטבייעס, וויפֿל קיינער ביז אים האָט נאָך נישט פֿאַרמאָגט. און ער האָט אָנגעהויבן צו זאַמלען גאָלד און שטענדיק טראַכטן נאָר וועגן דעם. ווען די אונטערגיי-ענדיקע זון פֿלעגט באַלײַכטן די וואָלקנס אויפֿן הימל, פֿלעגט דער קיניג טראַכטן: די וואָלקנס זעען אויס ווי שטיקער גאָלד, ווען איך קאָן זיי אַרײַננעמען צו זיך אין קאַסטן, פֿאַרבאַהאַלטן זיי דאָרט, וויפֿל גאָלד וואָלט איך געהאַט! ווי גליקלעך וואָלט איך געווען!

אַמאָל האָט מידאַס ליב געהאַט בלומען, מוזיק, איצט אָבער זענען דאָך די בלומען געווען נישט פון גאָלד און זיי האָבן דעריבער קיין שום ווערט נישט געהאַט, און די איינציקע שיינע קלאַנגען האָט אַרויסגעגעבן פאַר אים נאָר דאָס קלינגענדיקע גאָלד.

מיט דער צייט האָט ער מער נישט געלייגט קיין אכט אויף זאַכן, וואָס זענען געווען געמאַכט נישט פון גאָלד.

דעם גרעסטן טייל פון טאָג פלעגט ער פאַרברענגען אין אַ קעלער, ווו ער האָט געהאַלטן זיין גאָלד אין גרויסע פעסטע קאַסטנס.

דעם גרעסטן פאַרגעניגן האָט ער געהאַט דעמאָלט, ווען ער פלעגט צוטראָגן אַ הויפן גאָלד צום אַרייננגאַנג פון קעלער, קעדיי עס קאָנען אָנקוקן ביים שיין פון דער זון. הויך ביי דער אַרייננגאַנג־טיר איז געווען אַ קליין פענצטערל און די זונשטראַלן פלעגן אָפט דורך דעם פענצטערל אַריינקוקן אין פינצטערן קעלער פון קייסער מידאַס, און זיין גאָלד האָט אים דאַן נאָך שענער אויסגעזען.

ער פלעגט אָפט די גאָלדענע מאַטבייעס ציילן, איבערלייגן זיי, זיך שפּיגלען אין די גאָלדענע קיילים, גלעטן מיט די פינגער די גאָלדשטיקלעך און טראַכטן דערביי:

— אָ, מידאַס, מידאַס, ווי גליקלעך דו ביסט!

אינדערעמעסן אָבער איז ער נישט אינגאַנצן גליק־לעך געווען, ווײַל גליקלעך וואָלט ער געקאָנט זיך פילן נאָר דאַן, ווען די גאַנצע וועלט וואָלט פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין געלן, גלאַנצנדיקן מעטאַל, וואָס וואָלט אינ־גאַנצן אים געהערט.

איינמאָל, ווען מידאַס איז ווי געוויינלעך געשטאַ־נען בײַ זײַן גאָלד אין קעלער און געשפּיגלט זיך אין איב בײַם שײַן פון די זונשטראַלן, האָט ער באַמערקט פּלוצלונג אַ מענטשלעכן שאָטן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און באַמערקט אַ שיינעם שמייכלענדיקן יונגנ־מאַן.

מידאַסן האָט זיך געדאַכט, אַז דער שמייכל פונעם יונגנמאַן גלאַנצט מיט אַ גאָלדגלאַנץ, וועלכער מאַכט נאָך שטאַרקער דעם גלאַנץ פון זײַן גאָלד. דער יונגער־מאַן האָט זיך באַלד באַוויזן לעבן מידאַסן. מידאַס האָט גוט געדענקט, אַז די טיר פון קעלער האָט ער פעסט צוגעקלאַפּט. און דער יונגערמאַן האָט אים דעריבער אויסגעוויזן נאָך וווּנדערלעכער.

דער שיינער יונגערמאַן האָט אויפמערקזאַם באַ־קוקט דעם גאַנצן קעלער. זײַן שטראַלנדיקער שמייכל האָט באַלויכטן אַלע פינצטערע ווינקלען פון קעלער, זיך אָפּגעשפּיגלט אין די פאַרשידענע גילדענע קיילים.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:

— דו ביסט זייער רײַך, מידאַס. מיר דוכט, אַז

אויף דער גאַנצער וועלט קאָן מען נישט געפינען אַזוי־פיל גאָלד ווי בײַ דיר אין דעם קעלער.

— איך וועל נישט לייקענען, איך האָב טאַקע גאַנץ היפּש אויפגעזאַמלט, נאָר אינדערעמפסן איז דאָך דאָס נאָר אַ קלייניקייט. מײַן לעבן איז קורץ, וויפל קאָן איך אויפזאַמלען? אָט, ווען איך זאָל לעבן אַ טויזנט יאָר, וואָלט איך געקאָנט אויפזאַמלען פיל מער, און דאַן ערשט וואָלט איך עפּשער געווען רײַך.

— וואָס, דו ביסט נאָך אַלץ נישט צופרידן? — האָט געפרעגט דער אומבאַקאַנטער.

מידאַס האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין. —

— איך בין נײַגעריק צו וויסן, וויפל דאַרפסטו האָבן גאָלד, דו זאָלסט זײַן צופרידן?

לאַנג האָט מידאַס געטראַכט. עס האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט הויכע בערג פון גאָלד — ס'איז נאָך וויי־ניק געווען. מיטאַמאָל האָט אַ בליץ געטון בײַ אים אין קאָפּ אַ גאָלדענער ליכטיקער געדאַנק: עפּשער קאָן אים דער אומבאַקאַנטער העלפן? צי דען איז דער אומגע־ווײנלעכער מענטש גלאַט אַזוי זיך אַהער געקומען? דער יונגערמאַן האָט באַמערקט, אַז מידאַס האָט שוין אַן ענטפער, און איב געפרעגט:

— האָסט שוין אַן ענטפער? זאָג מיר אים, איך וועל זיך באַמיִען דיר העלפן דערגרייכן דײַן ציל.

— איך וויל נאָר איינס — האָט געענטפערט דער

קייסער – איך וויל, אַז יעדער זאַך, וואָס איך וועל נאָר אָנרירן, זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין גאָלד.

דער שמייכל פון אומבאַקאַנטן איז געוואָרן אַזוי ליכטיק, אַז ער האָט מיט איין מאָל באַלויכטן דעם גאַנצן קעלער.

– צי ביסטו זיכער, אַז דו וועסט שוין דאַן צו פרידן זײַן?

– זיכער – האָט געענטפערט מידאַס.

– און דו וועסט קיינמאָל קיין כאַראָטע נישט האָבן, וואָס דו באַזיצסט אַזאַ אייגנשאַפט?

– פאַרוואָס זאָל איך עפּעס כאַראָטע האָבן? נאָר דאָס אַליין קאָן מיך גליקלעך מאַכן.

– נו, זאָל דײַן ווונטש דערפילט ווערן. פון מאָרגן פרי, פון דער צײַט פון זונאויפגאַנג, באַקומסטו דײַן אייגנשאַפט – האָט געזאָגט דער פרעמדער און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

מידאַס האָט די נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן. ער איז געווען ווי אַ קינד, וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט צו שענקען אינדערפרי אַן אויסערגעוויינלעך קישעף־שפּילצײַג.

גאַנץ פרי איז ער אויפגעשטאַנען פון בעט אין געצומען וואַרטן אויפן זונאויפגאַנג. ער האָט קעסיידער אויסגעצויגן די הענט, געוואָלט זען, צי ער באַזיצט שוין די וווּנדערבאַרע אייגנשאַפט פון פאַרוואַנדלען

אַלץ אין גאָלד. ער האָט לאַנג געוואַרט, נאָר ווען דער ערשטער זונשטראַל האָט אַריינגעקוקט אין זיין צי־מער און באַגילדט זיין לייַלעך, האָט ער עס אָנגערירט מיט דער האַנט, און עס איז גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בלאַט גאָלד.

דער ווונדערלעכער אומבאַקאַנטער האָט געהאַלטן וואָרט. די וווּנדערבאַרע אייגנשאַפט איז געקומען צום קייסער צוזאַמען מיט די ערשטע זונשטראַלן.

אויסער זיך פון פרייד, איז דער קייסער מידאַס אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין בעט, אָנגעהויבן אַרומצולויפן איבערן צימער, באַרירן מיט די הענט פאַרשידענע קעגנשטאַנדן—אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאָלד: דאָס בעט, דער פאָרהאַנג ביים פענצטער, דאָס בוך, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

לייענען אָבער דאָס בוך האָט מען נישט געקאָנט: זיינע בלעטער זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דינע גאָלדבלעטעלעך.

מידאַס האָט זיך אויף שנעל אָנגעטון און גענומען באַווונדערן זיין שיין גאָלדן קלייד. דאָס קלייד איז גע־ווען גאַנץ ווייך, דין, נאָר עפּוואָס שווערער.

ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ נאָזטיכל, וועלכע זיין קליינע מאַריע האָט פאַר אים נישט לאַנג אויסגעהאָפטן. דאָס טיכעלע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן

אין גאָלד, די פֿעדעם פֿון האָפּט זענען אויך געוואָרן גאָלדענע.

עס איז אים דערבײַ עפּעס אומהיימלעך געוואָרן: ער וואָלט בעסער געוואָלט, דאָס טיכעלע זאָל אויסזען אַזוי, ווי עס האָט אויסגעזען, בייס די קלײנע מאַריע האָט עס אים אַרײַנגערוקט אין קעשענע. זי איז אַרויפֿגעקראָכן דאַן צום פֿאָטער אויף די הענט, אים צאַרטלעך געקוקט אין פּאָנעם, געגלעט אים.

ער האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע זײַנע ברילן, כּדי בעסער צו זען, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין צימער (ברילן האָבן איז יענע אַלטע צײַטן געטראָגן נאָר קייסאָרים). ווי דערשטוינט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט גאָרנישט געקאָנט זען דורך זײַנע ברילן: די גלעזלעך זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאָלדענע בלעטעלעך. מער זען דורך די ברילן האָט מען נישט געקאָנט. זיי זענען אָבער טײַערער געוואָרן: זיי זענען געווען פֿון גאָלד. קיינמאָל וועט ער שוין נישט קאָנען באַנוצן די ברילן צום לייענען.

— נו, ס'איז נישט אַזוי שרעקלעך, — האָט ער זיך געטרייסט — מע וועט קאָנען אויסקומען אָן דעם אויך. מײַן טאָכטער איז שוין קימאַט דערוואַקסן, און זי וועט מיר קאָנען פֿאָרלייענען, ווען איך וועל וועלן.

דער קלוגער קייסער איז געווען אַזוי צופֿרידן און גליקלעך, אַז אין זײַן פּאַלאַץ איז אים ענג געוואָרן, און

ער איז אַרויס אין גאָרטן. גייענדיק איבער די שטיגן האָט ער זיך געשפּיגלט אין די אָנלענען, וועלכע זענען פון זיין באַרירונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאָלדענע.

דער גאָרטן איז פול געווען מיט די פּרעכטיקסטע בלומען, דער רויזנדופט האָט אָנגעפילט די לופט, אַ לייכט ווינטעלע האָט באַוועגט די בלומען, געגלעט די וואונדערשיינע רויזן. דער קייסער מידאַס איז זיכער געווען, אַז ער קאָן די בלומען נאָך שענער מאַכן, פאַרוואַנדלענדיק זיי אין גאָלדענע. ער איז געגאַנגען פון איין רויזנקוסט צום צווייטן, פאַרוואַנדלענדיק די רויזן אין גאָלד.

דער מאָרגנשפּאַציר האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אַפּעטיט און ער איז אַוועק פרישטיקן.

צום פרישטיק האָט מען אים דערלאַנגט אייער, קאַווע, פיש, פּרעכטיקע געבעקס. אויפן טיש איז נאָך געשטאַנען אַ גלאָז מילך מיט ברויט פאַר דער קליינער מאַריע. ער האָט אַ ווייַלע געוואַרט אויף זיין קליין טעכטערל, געוואָלט מיט איר צוזאַמען אָנהייבן דעם פרישטיק. הייַנט האָט ער געוואַרט אויף איר מיט אַ באַזונדער אומגעדולד, ער איז זיכער געווען, אַז ער האָט שוין די מעגלעכקייט זי גליקלעך צו מאַכן.

ס׳האָבן זיך געלאָזט הערן לייכטע קינדערטריט, אין צימער איז אַרייַן די קליינע מאַריע. איר פּאַנים איז

געווען פאַרווײנט און אומעטיק. דער פּאַטער איז געווען איבערראַשט: די קלײנע מאַריע האָט נאָך קײנמאָל אַזוי נישט אויסגעזען. קעדיי זי פרײלעך צו מאַכן, האָט ער גענומען אין האַנט איר קלײן טעפּעלע און פאַרוואַנדלט עס אין אַ גאָלדנס.

די קלײנע אָבער האָט עס גאָרנישט באַמערקט. זי האָט אָנגעהויבן יאָמערלעך צו וויינען.

— וואָס ווײנסטו, קינד מײנס, וואָס איז מיט דיר געשען אין אָט דעם שײנעם, ליכטיקן טאָג?

נישט אויפהערנדיק צו וויינען, האָט זי אויסגעצויגן איר הענטל, אין וועלכער זי האָט געהאַלטן אַ רויז, וואָס דער קייסער האָט נאָר וואָס פאַרוואַנדלט אין א גאָלדענע.

— ס׳איז דאָך אַזאַ פּרעכטיקע בלום, וואָס ווילסטו פון איר? וואָס ווײנסטו?

— ליבער פּאַטער, די רויז איז עקלהאַפט. אינדערפרי האָב איך געוואָלט אָנרײַסן פאַר דיר עטלעכע שמעקעדיקע רויזן, נאָר דאָ האָב איך דערזען אַ שרעקלעכע זאַך: אונדזערע פאַרשײדנפאַרביקע, שמעקעדיקע רויזן זענען אַלע געל און שמעקן גאָרנישט. איך פאַרשטײ נישט, וואָס איז מיט זײ געשען — האָט זי קוים אַרויסגערעדט שטיקנדיק זיך פון געוויין. — איך דאַרף מער נישט אַזעלכע מיעסע רויזן — האָט די קלײנע אויסגעשריגן און אַ וואָרף געטון די גאָלדענע רויז

איף דער ערד. זי שמעקט דאָך אינגאַנצן נישט, זי שטעכט זיך נאָר.

דאָס קינד איז געווען שטאַרק אומעטיק. פּאָטער און קינד האָבן זיך געזעצט צום טיש. דער פּאָטער האָט אָנגעהויבן אָנגיסן פאַר זיך קאַווע, די קיילים האָבן זיך גלײַך פאַרוואַנדלט אין גאָלדענע. ער איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט, ווי אַזוי וועט ער אַצינד ניצן אַזויפיל גאָלדענע קיילים? מע מוז דאָך פאַר זיי האָבן אַ באַזונדער אָרט, אין קיך וועלן זיי דאָך פאַרלוירן גיין.

אָבער נישט נאָר די קיילים, נאָר די קאַווע איז אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאָלדענע פליסיקייט, וועלכע איז באַלד פאַרגליווערט געוואָרן. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיטן פיש, וועלכן ער האָט אָנגעהויבן עסן.

דער קייסער איז געווען פאַרזאָרגט: וואָס וועט זײַן מיטן פרישטיק, צי וועט ער הײַנט קענען עפּעס אָפּעסן? ער האָט איף שנעל אַ כאַפּ געטון אין מויל אַרײַן אַ הייסע קאַרטאָפל, געוואָלט זי אויפעסן, איידער זי וועט פאַרגליווערט ווערן און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטיק גאָלד, נאָר ס'האָט אים גאָרנישט געהאָלפן: איף די קאַרטאָפל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאָלד, און פעסט אָפּגעבריט דאָס מויל. מידאָס איז אויפגעשפּרונגען אַן אויפגעבראַכטער, דערבײַ האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ ווילדן געשריי און אָנגעהויבן אַרומלויפן איבערן צימער.

— וואָס איז געשען? — האָט מיט שרעק אויסגע־שריִען די קליינע מאַריע.

— אָ, מײַן טײַער קינד, ווען דו ווייסט, וואָס עס קומט פאָר מיט דײַן אומגליקלעכן פּאָטער!

יאָ, דער קייסער איז געווען אין אַ שרעקלעכער לאַגע: הונגעריק און צעווייטיקט. אַ מאָדנער געדאַנק איז אים דורכגעפלויגן דורכן קאָפּ: עפּשער איז רײַכ־קייט גאָרנישט אַזאַ גרויס גליק? אָבער באַלד האָט ער צוריק אָנגעהויבן טראַכטן, אַז די פיל מיליאָנען גאָלד זענען וויכטיקער ווי אַ פרישטיק, ווי ווייטיק.

דער הונגער האָט זיך אים שטאַרק געלאָזט פילן, ער האָט שטיל געקרעכצט. די קליינע מאַריע האָט אויפ־מערקזאַם געקוקט אויפן פּאָטער, זי האָט געוואָלט פאַר־שטיין, וואָס דאָ קומט פאָר, און ווי אַזוי זי קאָן אים טרייסטן. זי איז צוגעלאָפן צום פּאָטער, אַרויפגעשפּרונ־גען אויף זײַנע קני און אַרומגענומען אים. דער פּאָטער האָט זיך אָנגעבויגן, איר אַ קוש צו טון. ער האָט אין דעם מאָמענט פאַרשטאַנען, אַז זײַן קליין מיידעלע איז אים פיל טײַערער ווי דאָס גאַנצע גאָלד.

— מײַן ליב, טײַער קינד! — האָט ער געשעפּ־טשעט.

די קליינע האָט נישט געענטפערט. אָן אומגליק: וואָס האָט ער אָנגעמאַכט! צורירנדיק זיך צו זײַן טעכ־

מערל, האָט ער אויך זי פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק גאָלד.
איר פּאָנעם איז געל געוואָרן, די טרערן פאַרגליווערט,
זי איז אינגאַנצן שטײַף געוואָרן. דאָס פּאָנעם פון קינד
איז געווען דאָס זעלבע, אָבער אַלץ איז אין איר פאַר־
גליווערט געוואָרן, אַפילע דער אויסדרוק פון ליבע און
פאַרוווּנדערונג.

וואָס זאָל ער איצט טון? ער איז געווען פאַר־
צווייפלט. ער האָט אָן אויפהער געקוקט אויף זײַן קינד.
קיין רעטונג זעט־זיך נישט.

מיטאַמאָל האָט זיך אין טיר באַוויזן די געשטאַלט
פון אומבאַקאַנטן יונגנמאַן, וועלכער האָט מיט אַ טאָג צו־
ריק באַשענקט אים מיט אַזאַ ווונדערבאַרער אייגנשאַפט.
ווי מיט אַ טאָג פריער, האָט דעם יונגנמאַנס גאָלדענער
שמייכל העל באַלויכטן אַלץ אַרום, אַפילע די גאָלדענע
סטאַטוע פון דער קליינער מאַריע.

— נו, פרײַנד מידאַס, ווי געפעלט דיר עפּעס דײַן
ווונדערבאַרע אייגנשאַפט? — האָט אַ פרעג געטון דער
יונגערמאַן.

אַ פאַרצווייפלטער האָט דער קייסער געענט־
פערט:

— איך בין אומגליקלעך.

— דו ביסט אומגליקלעך? צי האָסטו נישט דער־
גרייכט דאָס, צו וואָס דו האָסט אַזוי געשטרעבט? דו
האָסט דאָך אַזויפיל גאָלד!

— גאָלד איז נאָך נישט אלץ — האָט געענטפערט דער קייסער. — איך האָב פאַרלוירן דאָס, וואָס איז אַלץ אין לעבן.

— הייסט דאָס, דו האָסט פון נעכטן אָן דײַן מיינונג געביטן? וואָס מיינסטו. קייסער, וואָס איז בעסער: גאָלד אָדער אַ פרישער טרונק וואַסער?

— אָ, פריש וואַסער ווערט שוין קיינמאָל מײַן האַלדז נישט אָפּפרישן!

— וואָס איז בעסער: גאָלד אָדער אַ שטיקל ברויט?

— אַ שטיקל ברויט איז טײַערער, ווי דאָס גאַנצע גאָלד פון דער וועלט.

— וואָס איז בעסער: גאָלד אָדער די קליינינקע, פריילעכע, ליבלעכע מאַריע?

— אָ, מײַן אומגליקלעך קינד, פאַר איר וואָלט איך דאָך אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע גאָלד!

— אָ, קייסער, דו ביסט פיל קלוגער געוואָרן! דײַן האַרץ, ווי כ'ווײַז מיר אויס, איז נאָך נישט אינגאַנצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאָלד. דו האָסט זיך שוין איבערצײַגט, אַז גאַנץ געוויינלעכע זאַכן זענען פיל טײַערער ווי גאָלד. זאָג מיר אָפנהאַרציק, האָסט מאַקע בעמעס אויף אַלץ כאַראָטע?

— איך פאַראַכט דאָס פאַרשאַלטענע גאָלד! —

האָט מיט קאַס און אויפרעגונג געענטפערט דער קיי־
סער.

— אויב אַזוי וועל איך דיר העלפן זיך באַפרייען
פון דער שרעקלעכער אייגנשאַפט און איך העלפן דיר
אין דיין גרויסן אומגליק! גיי צום טייך, נעם אָן א
קרוג וואַסער און באַשפּריץ אַלע זאַכן!

מידאַס האָט אַזוי געטון, און באַלד איז אַלץ גע־
וואָרן ווי פריער. פאַרשטייט זיך, אַז קודעמקאָל האָט
ער באַשפריצט זיין טעכטערל. זי איז געוואָרן צוריק
לעבעדיק, אָבער אירע האָר האָבן געקריגן א גאָלדענעם
גלאַנץ.

איך די עלטערע יאָרן האָט מידאַס ליב געהאַט
צו זאָגן:

— איך האָב פון דעמאָלט אָן פיינט אַלץ, וואָס דער־
מאָנט מיר דעם גלאַנץ פון גאָלד, כוץ — מיין מאַריעס
האָר!



Opłata pocztowa uiszczona gotówką

פּרײַז 30 גראָשן — דריטער יאָרגאַנג — № 3. — 15 LISTOPADA 1936

„Kinder-Frajnd"

DWUTYGODNIK Wydanie B

Adres redakcji i administracji: Warszawa I, Miła 33 m. 24

דעם 30 טן נאָוועמבער דערשײַנען:

ביבליאָטעק „א"

מ. נאַדיר

## זאַמלונג

ביבליאָטעק „ב"

ס. מאַרשאַק

## מיסטער־טוויסטער

מיט פֿיל אילוסטראַציעס

זשורנאַל „קינדער־פֿרײַנד" נר. 4